אברהם רייזען

# אווענד-קלאַנגען.

נייע לידער=זאמלונג.

(1913—1911)

ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

איבערדרוקען און איבערזעצען
אָהן דער ערלויבניש פון מחבר
איז פערבאָטען (געזעץ פון 19
מערץ 1911).




ВЕЧЕРНІЕ ЗВУКИ.
Сборникъ стихотвореній
Авраама Рейзена.

Типографія
Б. А. Клецкина,
Вильна.

# אווענד.

כ'בין געגאַנגען, געגאַנגען, — ביז וואַנען
בין הינטערן שטאָדט שוין געשטאַנען;
און שטיל איז געוועזען אַרום —
אַ בוים האָט געשאָקעלט זיך פרום.

די זון איז אַרונטער, אַרונטער
אַהינטערן וואַלד רויט, ווי צונטער,
און טונקעלער, טונקעלער ווערט — —
איך האָב מיך פערקלערט!

געטראַכט פון די ביסעלע יאָהרען,
וואָס זיינען זיך רוישיג צעפאָהרען...
געבליבען צו פאָהרען ניט פיעל —
עס טונקעלט... פאַרנאַכט... עס ווערט קיהל!..

אַ פּאָרל איז שטיל-שטיל אַריבער,
אַ מיידעל אַ יונגס און איהר ליעבער...
דאָס מיידעל אַזוי ווי בעקאָנט — —
איך האָב מיך דערמאָנט!

# קום שוין...

קום שוין, קום שוין, אומבעקאַנטער,
קלאַפּ מיר אָן אין טיר;
ווי אויף פרייהייט אַ פערבאַנטער
וואַרט איך אלץ אויף דיר...

יאָהרען לאַנג אין וויסטען חדר
הער איך דיינע טריט;
כ׳קוק אין פענסטערל כסדר,
דאָך דו קומסט אַלץ ניט...

איז דיין בשורה לויטער פריידען,
שנעלער ברענג זי, טראָג!
טאָמער אומגליק, לויטער ליידען —
קום, נאָר עפּעס זאָג!

# דער פערלארענער גלויבען.

(פראגמענט)

בין איך מיר געגאנגען
זוכען יענעם גלויבען
פון די טעג די אַלטע,
וואָס איך האָב פערלאָרען.

*

* *

עס בעפאַלט דער אָווענד —
פינסטער איז דער הימעל,
ווי מיט פעך פערגאָסען —
זעלטען בליצט אַ שטערן.

גיט אַ שטילען ציטער
און ער ווערט פערשוואונדען,
און דער הימעל ווידער
טוט זיך אָן אין שוואַרצען.

און אַ דיקער פחד
לעגט זיך אויף דיין זעלע,
און די אויגען זוכען
ערגעץ ווייט אַ ליכטעל.

צינדסטו אָנ'עט ליכטער
ערגעץ־וואו געבאָרגטע,
און דו ווילסט די שרעקען
מיט דער שיין פערטרייבען.

פרעמדע ליכטער! מאַכען
ליכטיגער דערנעבען;
אין דער ווייטער ווייטקייט
הענגט דערזועלבער חושך.

האָב איך מיך געלאָזען
אין אַ וועג אַ ווייטען
אויפזוכען מיין גלויבען,
יענעם ריינעם, העלען.

ווייט דער וועג ליגט הינטער,
הינטער שטעדט און לענדער,
הינטער טיפע ימים,
וועלכע ברויזען מעכטיג.

* * *

אין אַ קליינעם שטעדטיל
שטעהט אַ שול אַ גרויסע;
פריה און אָוועגד רוישען
דאָרטען אַלטע תפלות...

ביי דער טיר אין ווינקעל
לויכט שטיל דער נר תמיד,
צוויי ליכט שמעלצען, צאַנקען
ביי דעם אַלטען עמוד.

ערגעץ אין אַ ווינקעל
שטעהט אַ גראָהער אַלמער,
אָנגעפילט מיט ספרים,
קוקען מרה־שחורה'ש.

אין די אַלטע ספרים
קום איך זוכען לעבען...
נייעס לעבען, קרעפטען
העלע, ריינע בליקען...

און איך האָב געבלעטערט
איין בלאַט נאָכ׳ן צווייטען
און געזוכט בעלויכונג
פאַר׳ן חעג, דעם לאַנגען...

נאָהענט אַלע אותיות,
און בעקענט די ווערטער,
דאָך דער זין — פערגעסען,
פרעמד אַזוי און פינסטער...

כ׳האָב אין גראָהען אַלמער
אויפגעזוכט מיין קינדהייט, —
דאָרט איז זי געלעגען,
ווי אַ טויב אָהן פליגלען.

און געברומט מיט ווערטאָג
און געקלאָגט מיט ווערמוט
און געבעטען רחמים:
פליגעל! פליגעל! פליגעל!...



# ווער?

אָבגעהאַקט די פליגעל
האָט מען דיין געדאַנק..
ווער האָט דיר געטאָן עס —
ווייסט ניט—ס'איז שוין לאַנג!
אפשר, אין דיין קינדהייט,
אפשר, נאָך אין וויגעל,
האָט דיין מאַמעס לידעל
דיר געשאַדט די פליגעל?

אָדער גאָר דער חדר,
נידעריג און ענג:
איילען פיר די ברייטקייט,
איילען פיר די לענג;
און דער געלער רבי
מיט'ן געלען אַלף —
איז פאַר דיינע פליגעל
גאָר געווען דער חלף?

אָדער שפּעטער, שפּעטער,
ביסט פון חדר פריי,
און דיר ווינקען וועגען,
ברייט און גרין און ניי, —
נאָר די נויט בעוויזען
האָט זיך באלד אין מיטען
און די פליגעל דיינע
בייז דיר אָבגעשניטען?..

# פערגעבונג.

כ׳טראָג אַ האַרץ פול ליעבע,
כ׳בין מיט ליעבע רייך:
גוטע מענשען, שלעכטע —
אַלע זיינען גלייך.

זינג מיר ניט פון יוגענד,
רעד מיר ניט פון זינד;
יעדער מענש בלויז שפּילט זיך,
שפּילט זיך ווי א קינד.

קוק מיט פאָטער-אויגען
אויפ׳ן קורצען שפּיל...
גיב זיך אָפּט אַ בייזער,
אָבער ניט צופיעל!

דען די קינדער שפּילען,
ביז ס׳פערגעהט די זון,
און זיי געהען שלאָפען—
ס׳איז קיין בייז דערפון!



# וואוהין?

וו׳הין ווילסטו, נשמה, וואוהין?
די בערג זיינען הויך,
די וואָלקענדלעך בלייך,
די ערד און דִי בוימער—ווי גרין!
וו׳הין ווילסטו, וואוהין?

אָ, האָרך, ווי די בין
זומועט און פליהט,
זי פלאָטערט און ציהט
אַהער און אַהין—
וו׳הין ווילסטו, נשמה, וואוהין?

אָ, קוק דאָרט אין מערב אַהין—
די זון—זי פערגעהט
קיילעכדיג, רויט
אַהין אַלץ, אַהין—
וו׳הין ווילסטו, נשמה, וואוהין?



# װי שטיל.

װי שטיל איז אין װאלד, און װי שען!
אַ רוה אויסגעגאָסען —
זייט שטיל, מיינע זאָרגען, זייט שטיל —
אין האַרץ ליגט פערשלאָסען!

ניט רודערט, ניט צאַפּעלט, ליגט שטיל,
איך שעם זיך אַייך צייגען
פּאַר בלעטעלעך, בלומען אין גראָז,
פּאַר ערנסטע צװייגען.

שלאָפט אַיין, מיינע זאָרגען—שלאָפט איין.
און הערט צו דעם ניגון
פון פייגעלעך, פליגלעך אין װאַלד
און לאָזט אייך פערװיגען!..

# א ראט.

אָ, היט זיך מיט דיין רעדען—
דיין װאָרט, עס קומט פון האַרץ,
די גאַס װעט עס צעטרעטען
און מאַכען ברודיג, שװאַרץ.

דו רעדסט אַן אַנדער לשון,
עס קלינגט װי אַ געזאַנג,
און דאָ דאַרף מען דעם גראָשען,
זיין דומפּיג-שװערען קלאַנג.

און אַלע פרעמד כּסדר,
געפינסט קיין פריינד אין זיי;
פערשפּאַר זיך אין דיין חדר
און שטילערהייט פערגעה!..



# דריי צייטען...

דו זעהסט דאָרט צוויי ביינאַנד,
זיי שפּילען זיך אין זאַמד;
זיי שפּילען זיך און יאָגען זיך,
און פרעהען זיך און טראָגען זיך...
אָ, קינדער, קינדער צוויי!
די וועלט געהערט צו זיי.

דו זעהסט זיי צוויי באַנאַנד,
זיי געהען האַנד אין האַנד;
זיי האַלזען זיך, זיי דריקען זיך,
זיי קושען זיך, זיי קוויקען זיך...
דאָס איז די יוגענד־פּאָר,
דאָס איז—אַ נייער דור!

דו זעהסט דאָרט איינעם געהן
אליין, אליין, אַליין!
אין האַנד אַ שטעקען האַלט ער,
קוים־קוים ער געהט, באַלד פאַלט ער...
ווער איז דאָס? ציטערסט אויף?
דאָס איז דער סוף, דער סוף!

*

*   *

עס בעפאַלען מיך אַנגסטען פון לעבען,
עס בעפאַלט מיך פון לעבען דער שרעק,
און וואו נאָר דו זאָלסט אַ בליק געבען,
איז צער און טרערען אָהן ברעג...

עס זיינען דאָ מענשען, וואָס לאַכען
און חייזען מיר שמחות אָהן צאָהל....
און הייסען מיר פרעהליך זיך מאַכען —
איך פאָלג זיי און טו עס צומאָל.

דאָך געה איך פאַר-טאָג פון די פרייידען,
דערזעה איך די „פרוי" ביי אַ ראָג;
און אַנדערע מענשליכע ליידען —
און ס'שרעקט מיך דער קומענדער טאָג...

*

* *

איך האָב מיר אַ שבועה געגעבען
ניט װעלען קײן גליק און קײן פרײד,
נאָר שענקען מײן רעשט אָרים לעבען
דעם מענשליכען עלענד און לײד...

כ'בין שפּעטער אױף שמחות געגאַנגען,
מיט פרעהליכע לײט זיך געמישט,
געזונגען מיט זײ גלײך געזאַנגען – –
די שבועה געבראָכען דאָך נישט...



# דער וואנדערער.

אין דער וועלט זיך אומגעטריבען,
אויסגעזעהען דאָ און דאָרט;
טיילען לעבען איז פערבליבען
אומעטום, אין יעדען אָרט.

דאָ פון ליעבעס-בוים געריסען
זיסע פרוכטען אַלערליי;
ערגעץ האָט אַ שלאַנג געביסען
ביז דעם טיפסטען, גרעסטען וועה...

דאָרט אַ שמחה, דאָ אַן אומעט,
דאָרט אַ גליק און דאָ אַ צער;
און איך וואַנדער ווידער אום'עט,
איך, דער יונגער-אַלטער נאַר...

און אויף באַהנען און אויף פוהרען
וואַנדער איך, ווי האַלב אין טרוים;
נאָר ניטאָ שוין מעהר קיין שפורען
סיי פון שלאַנג און סיי פון בוים.



# חלומות.

כ׳האָב געהאַט חלומות
שענע יונגערהייט...
אַך, ווי מיאוס האָט זיי
ס׳לעבען מיר בעשיידט...

אויף די טרוימען-פליגלען
האָב איך הויך געשוועבט,
אויף געגרינטע בערגער
האָב איך פריי געלעבט.

אָפט בין איך פערפלויגען
ביז דער העלער זון,
און פערבלענדט געוואָרען
און פערפיהרט דערפון...

און פערברענט די פליגלען
פון דעם שענעם טרוים;
בין צו דר׳ערד געפאַלען,
און איך אָטעם קוים...



*
* *

ברען אויס, אָ, לעבען מיינס, ברען אויס!
דער דאָכט געבליבען איז ניט גרויס:
זאָל'ן ליכטיג זיין די לעצטע טעג
צום לעצטען וועג!...

ניט גוסס, לעבען מיינס, ניט צאַנק,
פערשווינד, ווי פריהלינגס אַ געדאַנק...
איך וויל ניט קארגען... כ'האָב פיינט! כ'האָב פיינט!
זאָל ליכטיג זיין איין היינט!

# צווייערליי צער.

איך טראָג אין האַרץ אַ גרויסען צער —
ער איז ניט מיינער;
אָ וועלט, נעם צו פון מיר דעם צער,
ער איז דאָך דיינער.

איך האָב ביי דיר גענומען איהם,
ביי דיינע קינדער,
געוואָלט איהם לויטערן אין האַרץ,
איהם מאַכען לינדער...

נו, וואקסט ער דאָרט ביי מיר און וואַקסט
און ווערט אַלץ שווערער;
אָ, וועלט, נעם צו דיין צער פון מיר,
איך קאָן ניט מעהרער!

מיין אייגען צער איז גרויס גענוג
און גרויס מיין ליידען —
עס האָט מיין אָרים האַרץ ניט מעהר
קיין פלאַץ פאַרביידען!..



*

* *

דו האָסט פערשפּעטיגט מיט דיין ליד,
דו ביסט אַליין געקומען;
די וועלט איז יונג, און דו ביסט מיד.
די וועלט האָט זון און בלומען.

פערשפּעטיגט ליד! ניט פאַל אַראָב,
דו וועסט צוריק פריה ווערען,
ווען טאָג פערלעשט זיין לעצטען שטראַל
און נאַכט פערלעשט די שטערען!...

ב

## עס איז געװען...

עס איז געװען אַמאָל...
װי לאַנג ניט פרעגט —
דער שטויב פון לעבען האָט
די צײַט פערדעקט...

איך בין געלעגען
אונטער אַ בוים...
דאָס האַרץ פול ליעבע,
דער קאָפּ—פול טרוים...

איך האָב געטרוימט
פון ליעבע, גליק...
אַ פויגעל האָט
טשיריק—טשיריק

דאָרט אויפ׳ן צװייג
געזונגען לויט;
מײַן צוקונפט דאַן
האָב איך געבויט...

טשיריק, טשיריק:
אַ קוש, אַ דריק,
טשיריק, טשיריק:
אַ װײַטער גליק!

טשיריק, טשיריק:
עס קאָכט דאָס בלוט;
טשיריק, טשיריק:
די וועלט איז גוט...

---

פלוצים אין דער הויך געהויבען
האָב צום בוים איך מיינע אויגען;
חיסט דער צווייג איז דאָרטען אויבען—
ס'איז דאָס פייגעלע פערפלויגען...

כ'האָב געזעהן איהם פליהען, פליהען,
זיינע פליגעלעך צענומען;
און מיין האָפענונג און חלום
אויף די פליגעלעך גענומען...

וואו־זשע זוכט מען אויף דעם פויגעל?
כ'האָב געחאַנדערט טעג און יאָהרען;
ניט געפונען איהם שוין קיינמאָל
און מיין גליק—זינט דאַן פערלאָרען!

# אויפ'ן ים.

## I.

און ווידער דער ים און די וועלען־בערג ווידער,
און ווידער די פויגעל בעגלייטען פון הינטען
און שרייען און לאַר'מען מיט ווילדען געזודער,
און ווידער די שטורעמס, די קרעכצענדע ווינטען...

און ווידער אין שיף, אין דעם איינזאַמען, גרויסען,
אין מיטען דעם הימעל, אין מיטען דעם וואַסער.
און ווידער, אָ, וואַנדערסטו מיד און פערשטויסען,
דו אָרימער מענשעל, דו טרוי'ריגער, בלאַסער!

וואוהין און צו וועם און צו וואָסערע צילען?
דאָס גליק ליגט בעהאַלטען אין אָבגרונד אין טיפען,
דער ים וועט דיין דאָרשט נאָכ'ן גליק דיר ניט שטילען,
דיך וועלען ניט ברענגען צו איהם קיינע שיפען...



II.

טראָגט זיך אויפ׳ן ים אַשיף,
אויפ׳ן מיטען ים;
פריי דאָס וואַסער, פריי דער ווינט,
אָהן קיין שטער און צאַם!

ווינט און וואַסער דרעהען זיך,
ווייסען נישט פון רוה;
ווינט און וואַסער האַלזען זיך,
שמועסען אויף דו...

אויפ׳ן דעק פון שיף שטעהט קוים
ס׳מענשעלע, דער האַר,
שפּאַרט זיך אָן פאָרענצען אָן,
ציטערט פאַר געפאַהר...

קוקט פון ים דעם ווילדען שפּיל—
די געפאַהר איז גרויס—
קוקט און הערט, ווי ים און ווינט
לאַכען הויך איהם אויס!..

III.

אָ, נעם מיך אויף, דו ברודער ים —
איך קום צו דיר צוריק!
די שוועסטער-ערד איז זיכערער,
דאָך האָט זי ניט קיין גליק...

אויך דו פערמאָגסט עס ניט, דאָך שען
ביסטו און שטאַרק און גרויס,
און וואָס דו טראַכסט און פיהלסט, ווי איך
אין שטורעם זאָגסט עס אויס!

## IV.

שווייג, דו ים, גענוג צו שוימען,—
לאָז א ביסעל רוהיג טרוימען.
טראָג די שיף זאַכט אויף דיין רוקען,
לאָז מיך נאָכדענקען און קוקען.

רונד אַרום איז וואַסער, הימעל,
נישט קיין בוים און נישט קיין בלימעל —
אַלעס איז געבליבען הינטער —
וואָס־זשע ביסטו, האַרץ מיינס, מונטער?

צי פון אַלץ, וואָס איז געוועזען,
ווילסטו ווערען איצט גענעזען—
און דו ווילסט בלויז טראַכטען, טרוימען
פון די ווסטע, לערע רוימען?

צי ערוואַרטסטו לענדער נייע,
מענשען גוטע, מענשען פרייע,
און עס ווערען דיך עמפּאַנגען
שענע שוועסטער מיט געזאַנגען?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

שיף מיינס, שיף מיינס, טראָג זיך שנעלער,
אין די אויגען ווערט מיר העלער,
און איך זעה: דאָס שענס אנטקעגען
קומט פון ווייטע, נייע וועגען!..

שיף „אָסעאָניק“.



V.

## די בערוהיגונג.

בערוהיגט איז דער ים. שטיל קײַקעלט ער די װעלען
און לויטער קוקט ער מילד צום הימעל צו דעם העלען.
עס דאַכט זיך, ער, דער ריז איז צום בעשלוס געקומען:
ניט העלפען װעט זײַן װאַרפען זיך, זײַן לאַרימען און ברומען.

און אַלע זײַנע שטאַרקע, ריזיגע פערלאַנגען
װעט ער שוין קײנמאָל ניט אין שטאַנד זײַן צו דערלאַנגען.
אויך איהם האָט גאָט בעשטימט געװיסע װעגען
און קײנמאָל װעט ער ניט אַרויס פון זײַנע ברעגען...



## VI.

עס האָט צו מיר אַוואַל גערעדט:
„גענוג געוואַנדערט שוין, פּאָעט!
דו מיינסט, די וועלט איז ווירקליך גרויס? —
אַך, נאָך איין רייזע, און שוין אויס!

אַ קיילעכדיגע איז די ערד –
דאָס האָט מען לאַנג שוין, פריינד, דערקלערט.
און וואו דו לאָזט זיך זוכען גליק –
דו קומסט צום זעלבען אָרט צוריק"...

VII.

# אויפ׳ן וואסער.

מיר זיינען אַלע אויפ׳ן וואַסער בלויז;
מיר שווימען שטאָלץ און דרייסט און זיכער,
און איילען זיך צו קומען גיכער
צו דער בעשטימטער שעה צו הויז.

מיט האָפנונגען איז פול דאָס האַרץ און פיעל,
און פול מיט אויסגעטראַכטע גליקען;
מיר הויבען דאָרשטיג אונז׳רע בליקען
אַהין, אַהין צום ברעג, צום ציל!

אָט באַלד, אָט באַלד!—עס שאַלט דאָס ליד;
דאָס האַרץ מיט היימליכע געפיהלען,
די כוואַליעס וויגען זיך און שפּילען,
זיי גלעט אַ לינדער ווינט פון זיד...

נו, קומט אַן אייז-באַרג אָן פון נאָרד,
ער קומט מיט קעלט און טויט געצויגען,
מיט טויזענט שפּיצען, טויזענט אויגען—
און ס׳פּלאַצט דאָס שיף, ווי אַן אַקאָרד...



# טרוימעריי.

איך ליג מיט אָפ׳נע אויגען
און טראכט פון איהר, מיין גליק;
געוועזן ערשט נעכטען איז זי,
און שוין בענק איך צוריק.

און זעה איך זי צומאָרגענס,
דאַן זאָג איך איהר: פערבלייב,
פערבלייב מיט מיר אויף שטענדיג
און ווער מיין טייער ווייב.—

און אויב ס׳איז קליין מיין צימער—
אַ פּאַלאַץ בוי איך אויס,
די ווענט פון ווייסען מאַרמאָר,
די פענסטער העל און גרויס.

און מאַך דיך פאַר אַ מלכּה
און טו דיר אָן אַ קרוין,
און נאָכטראָגען דיין שלעפּע
וועל איך אַליין, אַליין...



# נייע און אלטע ליעבע.

און ווידער אַ ליעבע אַ נייע —
די אַלטע פון האַרץ אויסגעריסען;
דאָך קומט אַלץ די אַלטע, די אַלטע,
אַזוי ווי אַליין, אָהן דיין וויסען...

און ווידער אַ ליעבע אַ נייע,
און ברענט אויך אַזוי ווי אַ פייער;
דאָך יענע, די אַלטע, בעפאַלט דיך,
און לייכט פון דער ווייט אַזוי טייער.

און ווידער אַ ליעבע אַ נייע:
אַ קושען, אַ צערטלען, אַ גלעטען...
דאָך וואָלסטו צו יענער אַנטלויפען
און גליק, אויף די קניה, ביי איהר בעטען...



# פריהלינג און ליעבע.

וואָס איז עס פריהלינג? פריהלינג איז ליעבע.
וואָס איז עס ליעבע? ליעבע איז פריהלינג;
פריהלינג און ליעבע—פון גאָטס גנאָדען ביידע,
ביידע אַ גאָלדענער, ליכטיגער צווילינג.

ביידע זיי ווערען געבאָרען אין שטראַלען,
ליכטיגער פריהלינג און לויטערע ליעבע;
ביידע פערוועלקען און שווינדען אין שאָטען, —
טעג קומען אָן דערנאָך בענקענדע, טריבע...

דאָך אין די טעג, אין די שאָטענס פערהילטע,
ווינקט דיר אַ פריהלינג אַ נייער אין בלומען;
און נאָך דער ערשטער פערלאָרענער ליעבע
שוועבט דיר דאָס בילד פון דער צווייטער, וואָס ט'קומען...

# דער שמעטערלינג.

ליעבסטע, אַ שמעטערלינג זיין וויל איך אויך,
מיר געפעלט!
קורץ איז דאָס לעבען, עס איז נאָר אַ הויך
אין דער וועלט!
וואו איז אין לעבען דער צוועק און דער ציל?
נאריש און דום!
איך בין דער שמעטערלינג (ס'איז נאָר אַ שפּיל!)
דו ביסט—די בלום...



# דער ניגון.

איך האָב איהר זאָגען פיעל געוואָלט
און האָב געשוויגען;
דאָס וואָרט וואָלט קאַרג און קאַלט געווען,
עס ברויך אַ ניגון...
דער ניגון האָט אין האַרץ גערוהט,
און טיף פערשלאָסען;
כ׳האָב שפּעטער ערשט פּאַר שטיין און בוים
איהם אויסגעגאָסען...



## װעמען?

װעמען דריק איך צו מיין ברוסט
אין דער נאַכט פון שטילער לוסט?
װעמעס ליפּען פּרעס איך צו
אין דער נאַכט פון צאַרטער רוה?

אָ, די נאַכט, זי געהט אַרום
און זי מוסר׳ט שטיל און שטום:
װאָס פערשװענדסטו מיך אומזיסט,
ניט געהאַלזט און ניט געקוסט?

איך בין שטום און איך בין בלינד,
און דו אָרים מענשען-קינד
בלאָנזשעסט אום׳עט אַזוי שפּעט
אָהן אַ מיידעלס האַנטס אַ גלעט.



# א טראָפּען...

אַ טראָפּען לעבענס-פרייד
אין כוס פון לייד
אָ גיסט אַריין
און לאָזט מיך שכור זיין !..

איך בעט מיט אויסגעשפּרייטע הענט :
נאָר איין מאָמענט !
בּעפרייען זיך פון יאָך,
און שטאַרבּען גלייך דערנאָך !



*

*   *

זיי זיינען ניט חערט, װאָס איך האָב זיי געליעבט —
איך האָב זיי געליעבט אַזוי שען;
זיי האָבען גענאַרט מיך און האָבען בעטריבט
און נאָכדעם געלאָזט מיך אַליין.

אַך, בין איך איצט קליגער — איך יאָג ניט נאָך זיי,
איך קען, ווען איך וויל נאָר, זיין הארט;
װאָס שרייסטו, מיין האַרץ, און וואָס טוט דיר דאָרט וועה?
דו הילסט דען צוריק זיין גענאַרט?..

# יודישער ראמאנס.

I.

איך האָב דיך דערזעהן; ס'האָט דיין בליק
מיין הארץ אָנגעצונדען,
געמיינט, אַז אָט איז שוין דאָס גליק —
און ביסט גלייך פערשוואונדען!
איך געה אין די גאַסען אַרום
און זוך דיך פערצווייפעלט און שטום...

II.

איך האָב דיך געזעהן איין מאָמענט,
דאָך וואָלט איך אַפילו
אין טונקעלער נאכט דיך דערקענט,
דו שענע, דו שטילע!
אַך, הימעל! דאָס האַרץ ווערט דערפרעהט:
איך האָב זי בעגעגענט — זי געהט!

III.

אָט איז עס צוריק שוין, דאָס גליק...
ווי וואָלסטו עס נעמען!
אַראָב לאָזט זי פאלען איהר בליק
מיט חנ'עוודיגען שעמען...
— אָ, מיידעלע, ס'גיט דיר צו חן,
דאָך לאָז מיך ניט איבער אליין!

IV.

— „אָך וואָס וועלען זאָגען די לייט,
וואָס געהען איצט דרויסען?“
— איך בין ניט צעלאָזען, פערשייט,
קיין בייז בין איך אויסען!
איך מיין נאָר דיין זיידענעם בליק,
איך מיין נאָר — אַ ביסעלע גליק!

V.

כ'וואָלט וועלען, מיין טייערער טרוים,
דו זאָלסט צו מיר קומען,
איך וואָלט דיר ביי מיר אין דער היים
געשענקט אַלע בלומען.
און אויב צו מיר געהסטו ניט שנעל,
דאַן ווערט פון די בלומען אַ תל.

VI.

כ'וואָלט וועלען דיך נעמען צו מיר
אין צימער אין קליינעם,
און זינגען אַ ליד בלויז פאַר דיר
פון הארצען פון ריינעם.
אָך, בלומען און לידער—ווי שען!
מיין טייערע קינד, לאָמיר געהן!

## אוועק איז דאס לעבען...

אַוועק איז דאָס לעבען אין ליעבען,
אַוועק איז די ליעבע מיט רויך,
נו, וואָס איז דיר איצטער געבליבען?
אַך, שטילער! דערצעהל עס ניט הויך!

די מענשען זיי וועלען אויסלאַכען
דיין ליעבע און דיין טרוימעריי;
אין מדבר, אין וויסטען, אין פלאַכען,
פערשטעהט מען דאָס ניט סיי ווי סיי.



# צום מזל.

בעס איך רעגען – שיינט די זון,
בעס איך זונשיין — פלייצט אַרעגען;
מזל, וואָס וועט זיין דערפון,
װאָס דו געהסט מיר אַלץ אַקעגען?

וואָס איך בעט און וואָס איך וויל,
ווילסטו קיינמאָל ניט ערפילען;—
מזל, אויב דאָס איז אַ שפּיל,
דאַן געפעלט מיר—לאָמיר שפּילען!..

## דער שמעטערלינג און די בלום.

די בלום, אַ חודש אַלט,
אַ טאָג דער שמעטערלינג, —
נו, פליהט ער צו צו איהר
און פלאַפּעלט אויס אַלצדינג...

„איך געה באַלד פון דער וועלט;
געלעבט האָב איך צו לאַנג!
גענאָסען האָב איך פיעל,
געלעבט אין פרייד, געזאַנג...

און ליעבעריי געפיהרט
מיט יעדער בלום און בלאַט...
איצונד איז נאַכט... שוין נאַכט,
איך פיהל מיך עטוואָס מאַט...

אָ דו, די לעצטע זיי
און אויך דיין ליעבע שענק...
און ווען איך שטאַרב ביי דיר,
געדענק מיך לאַנג, געדענק!"



# די היילונג.

קוש מיר אויס די גראָהע האָר,
מיין זיס האַרץ,
אפשר וועלען זיי צוריק
ווערען שוואַרץ!

קוש, מיין גאָלד, פון אויג מיר אויס
דעם יאוש-בליק;
וועל איך אפשר ווערען פרום,
גוט צוריק...

קוש פון מויל דעם סם מיר אויס
און פון צונג,
וועל איך אפשר ווערען צ׳ריק
דום און יונג...

# שיר השירים.

(פראַגמענטען)

I.

איך אַליין—איך שלאָף,
ס'האַרץ איז װאַך אין מיר;
כ'הער מיין ליעבסטענס קול,
כ'הער, ער קלאַפּט אין טיר:

— עפען שװעסטער מיין,
ס'איז דיין טיר פערמאַכט—
מיינע לאָקען—זעה—
נאַס פון טוי און נאַכט...



II.

אוי, ירושלים־טעכטער,
אייך האָב איך בעשוואָרען:
ווייסט איהר אפשר, וואו פערפאַלען
איז מיין פריינד געוואָרען?

איב איהר וועט איהם וואו געפינען,
וואָס זאָלט איהר איהם זאָגען?
כ׳בין פון ליעבע קראַנק געוואָרען,
כ׳קאָן שוין ניט פערטראָגען.

— אָ, דו שענסטע פון די פרויען
ווער איז דיין בעשערטער,
וואָס דו האָסט געלאָזט זיך זוכען
איהם אין אַלע ערטער?

— ראָזיג־ווייס איז ער, מיין ליעבער,
מעהר פון אַלע טייער;
זיינע לאָקען—שוואַרץ ווי ראָבען,
זיינע אויגען—פייער...

III.

איך וואָלט פאַר אַ ברודער דיך האָבען געגלוסט,
וואָס האָט ביי איין מאַמען געזויגען די ברוסט,
דאַן וואָלסטו געווען מיר ניט פרעמד און ניט
ווייט
און קושען דיך וואָלט איך אין גאַס צווישען
לייט.



# איינזאמקייט.

אַ פערוואָרפען וועלדעל,
ערגעץ אין דער זייט;
אַך, ווי ציהט אַהינצו
אין דער איינזאַמקייט!

דאָרטען זעץ זיך נידער—
קיינעם נעם נישט מיט
און דעם קאָפּ געבויגען
זינג דיין איינזאַם ליד...

צווייגען שווייגען רוהיג,
שאָקלען מיט קיין בלאַט,
און דו ביסט דאָך עלענד
און פון לעבען מאַט.

שטערען וועט דיך קיינער
אין דיין שטילען טרוים;
דען ווי דו איז איינזאַם
דאָרטען יעדער בוים...



*

ווי גרויז זיי זיינען אלע,
ווי וואָכעדיג און קליין;
זיי זיינען מיינע ברידער—
איך וויל עז ניט פערשטעהן!

וואָס זאָל איך מיט זיי רעדען,
מיט זיי, בשעת איך זיך?
איך קאָן זיי נאָר דערלאַנגען
פון פינגער קוים די שפּיץ!

איך האָב פאַר זיי קיין ליעבע;
איך האָב פאַר זיי קיין האַס;
מיך ציהט צום שטילען גאָרטען,
און זיי — צום מאַרק אין גאַס!

נו, שיידען מיר זיך, ברידער,
אָהן ווערטער, שטיל און שטום;
איך וועל אַמאָל פון גאָרטען
אייך צושיקען א בלום!..

# דער שלאָס.

ה. גערידמעט

עס שטעהט צווישען פעלדער
אַ הויכער, טריבער שלאָס,
די פענסטער שווער פערהאַנגען —
וואָס טוט זיך דאָרטען, וואָס?

עס געהען לייט און פאָהרען
און קוקען טיף אַריין —
דאָס האַרץ פאַלט איין פאַר פּחד:
וואָס קאָן דאָרט אינוו'ניג זיין?

דאָ קומט אַ לץ אַ דאַרער
מיט אויגען קעציש-גראָה
און לאַכט זיך קאַלט פונאַנדער:
ס'איז אינוו'ניג גאָר בישטאָ...

דאַן ווערען מאַנכע רוהיג:
דער לץ איז זיי גענוג...
און פאָהרען מונטער ווייטער
און ווערען ווידער קלוג.

דאַן שפּרינגט אַ יונג אַ בלאַסער
אַרויס, — די אויגען — קויהל!
און פרעגט: דער שלאָס ווי קומט דאָ?
כאַפּט ווידער אָן אַ גרויל...

# אין א רעגענדיגער נאַכט.

איך ליג און וואַך אין שפּעטער נאַכט...
די גאַנצע וועלט ליגט אָהן בעוועגען;
דרויסען הער איך, ווי דער רעגען
קלאַפּט פּאַמעליך, שטיל און זאַכט

מיין געדאַנק — ער פליהט אַליין:
אַ בית עולם, ס׳רוישען בלעטער,
כ׳ליג אין קבר אונטער ברעטער,
אויפ׳ן קבר ליגט אַ שטיין...

און דער רעגען גיסט אָהן סוף,
און די קאַלטע טרערען־טראָפּען
פאלען אויף דעם שטיין און קלאָפּען,
דאָך איך הער זיי ניט — איך שלאָף!

## משיח־צייט.

איהר גרויע, איהר נאַקעטע זעלען,
אָהן ליידען, אָהן פריידען;
ווער וועט אייך בעהעלען,
און ליכט אייך בעקליידען?

אָ, איך קאָן שוין ניט מעהרער פערטראָגען
אייער גוסס'ען, צאַנקען;
אָ, צויבערער! קום אַ וואָרט זאָגען,
און זאָלען זיי גלאַנצען און בלאַנקען!

*

אַלץ איז באַנקראָט:
דער מענש און גאָט;
און וואָס דו זעהסט
איז שימעל און פעסט.

טויט איז דער מוט,
ליעבע און גלוט,
קאמף און האס—
עס טריאומפירט די גאַס.

אַלץ פאַלט אין קראַך
פון גרונד ביז'ן דאַך.
דער מענש פאַר שרעק
לויפט אין שענק אַוועק.

גאָר שאַ—עפּעס שאַלט,
חיים ערגיץ קנאַלט—
עס בלאָזט אַ טרומייט—
משיח געהט... משיח געהט!..



## קענסטו?

(פון פרץ).

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואו אַלע דורות
זייהען מיט טרערען?

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואָס האָדעוועט שטיינער
און נעהרט בלויז ווערים?

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואו צווישען די זאַנגען
בליהט דאָרט מיין האָפען?

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואו מיין האַרץ און מיין ליעבע
וועלען ווען עס איז שלאָפען?..

# מיין בעט.

איך האָב אַלץ שוין בעזונגען,
פון פיעלעס גערעדט,
נאָר קיינמאָל געווידמעט
קיין שורה מיין בעט.

אָ פריינדין מיין בעסטע
אין נעכט אלערליי,
אין נעכט פון פיעל פריידען,
אין נעכט אויך פון וועה!

וואָס האָב איך מיין בעטעל
שוין נישט אָנפערטרויט? —
דעם סוד פון דער ליעבע,
דעם סוד פון דעם טויט.

די הייסטע פערלאַנגען,
דעם העכסטען בעגעהר;
די זיפצען, די טיפסטע,
די אמת׳ע טרער...

*

*   *

דו אָרימער מענש,
וואָס נארסטו זיך אָב,
און פילסט מיט חלומות
דיין האַרץ און דיין קאָפּ?

דו זוכסט דיר אין לעבען
אַ שטיצע, אַ טרייסט,
און קומסט צו דער ליעבע
זיכער און דרייסט.

די ליעבע איז אַ ליכטעל,
ברענט אויס מיט'ן בליק...
דו קוקסט זיך אַרום—
און ס'איז פינסטער צוריק...

*

*   *

עס שטעהט דער יונגעל בלאַס, דערשראָקען,
איהם ציטערן די שוואַרצע לאָקען...
אָ, שענער יונגעל, שרעק דיך ניט!
ניט דיך, ניט דיך דאָך מיינט מיין ליד!

דיך האָב איך האָלט, דיך האָב איך גערן,
דען ריין ווי פּערעל—דיינע טרערען,
און דיין געלעכטער קלינגט און שאַלט,
פּונקט ווי אַ קוואַל פון פעלזען פאַלט...

אָ, זאָל מיין ליד דיך נישט בעטריבען,
עס וועט די יונג-פרוי שטאַרק דיך ליעבען.
אָט, זעה: זי רייסט פאַר דיר אַבלום,
און ס'בלייבט מיין אַלטעס לידעל שטום!



# דאך איך גלויב...

.. דאָך איך גלויב, עס וועט זיך טרעפען,
ס'וועט די טיר זיך טון אַן עפען
ווען פאַרנאַכט,
שטיל און זאַכט,

אין מיין איינזאַם שטילען חדר,
שאָרכענד, אין די זיידען-קליידער
אָנגעטאָן —
קומט זי אָן!

ווי אַ צנועה, טיף געבויגען
לאָזט אַראָב זי איהרע אויגען —
אויגען-בלוי,
בליקען-טוי.

— אָ, ווער ביסטו? — וועל איך פרעגען —
און דורך וועלכע לענדער, וועגען
קומסט אַהער,
ברענגסט דיך ווער?..

# רחמים.

געקומען אַמאָל איז זי גאָר אומגעריכט
מיט צאַרטען און בלאַסען און נאַסען געזיכט.
„וואָס ביסטו, מיין עלענדע טויב, אַזוי בלייך?״—
האָב איך זי געפרעגט מיט רחמנות און ווייך.

זי האָט ניט געענטפערט, זי האָט נאָר געניקט
צו מיר אויפ׳ן האַרצען און פעסט זיך געדריקט...
דאן האָב איך פערשטאַנען, אַז אַלץ איז שוין שפעט,
און האָב זי געטרייסט און געקושט און געגלעט...



# דער גרויסער ים.

דער גרויסער ים האָט אונז צעשיידט,
ווי שווער איז אויסצוהאַלטען;
דאָך בין איך קומען צו דיר גרייט,
און קאָן דעם ים אויך שפּאַלטען.
אָ, קינד מיינס, אומעטיג ניט זיי —
דער וועג צו דיר איז אָפען, פריי!

דער גרויסער ים האָט אונז צעטיילט,
דאָך פיהל איך זיך צוזאַמען;
דאָס וואַסער האָט ניט אָבגעקיהלט
די הייסע ליעבע-פלאַמען.
די ליעבע ברענט מיין האַרץ און גליהט,
און לעשען קאָן דער ים זי ניט!

אָ, ליעבסטע מיינע! כ׳דאַרף קיין שיף,
איך קאָן אויך וואונדער ווייזען,
און איבער ים, וואָס ברייט און טיף,
קאָן איך מיך לאָזען שפּרייזען!
צו לינדערן דיין וועה, דיין צער,
איז פרעמד און וויט פאַר מיר געפאַהר!..



## צו איהר.

עס ווערט מיין האַרץ פערגיפטעט
פון וועלט און לעבענס-גאל;
אָ, קום צו מיר, מיין גוטע,
און זיי מיין זיסער קוואַל.

איך געה אַרום פערביטערט
פון מענשענס שפּאָט און גיפט;
אָ, קום צו מיר, מיין ליעבסטע,
דיין מויל בלויז האָניג טריפט.

איך רעד מיט מענשען ווערטער,
און זיי צוריק—אַ שטיין;
נו, וויל איך איצט נאָר רעדען
מיט דיר אַליין, אַליין!

איך בלאָנדזשע מיט מיין ליעבע—
וואָס ברויך זי גאַס און מאַרק?
אַך, וועל איך זי דיר שענקען,
מיין ליעבע גרויס און שטאַרק!

## צו איהר.

איך בין קיינמאָל סענטימענטאַל,
איך בין אַ זוהן פון וואָך,
ענטציק מיך ניט פון זון־פערגאַנג
און זעלכע זאַכען נאָך.
און דער לבנה׳ס געלער שיין
פערטרוי איך ניט מיין האַרצענס-פּיין.

איך האָב קיין גאַט צו קניה׳ן פאַר איהם,
דער הימעל איז מיר לער,
און גיט דאָס האַרץ אַמאָל אַ קלעם,—
דאָס אויג איז אָהן אַ טרער.
איך בין אַ זוהן פון וואָך און שטרענג:
קיין דומע שטיק, ווען ס׳ווערט מיר ענג!

איך בין אַן אָר׳מער מענש פון וואָך,
און דאָך, מיין פיעל געליעבטע, דאָך:
כ׳געפין אַ שטיקעלע פּאַפּיר,
געשריבען לאַנג פון דיר צו מיר,
און קען אויף אויסוועניג שוין לאַנג—
ווי ווערט מיר יום-טוב׳דיג און באַנג!
און דאָס געשריפט צום האַרץ איך דריק
און בענק און וויין פאַר וועה און גליק...



## צו אייפערזיכטיגע.

אָ, זייט ניט אַזוי אייפערזיכטיג,
אָ, זייט אַנשטאָט דעם בעסער קלוג;
יאָ, ליעב האָב איך אַלע אייך—ריכטיג!—
דאָך ליעבע פערמעג איך גענוג.

די איינע געפעלט מיט די בעקלעך,
וואָס בליהען, ווי רויזען אַ פּאָר;
דער אַנדערערס קול קלינגט ווי גלעקלעך,
און ס'דאַכט מיר, עס זינגט ווי אַ כאָר.

נו, וויל איך אַ גאָרטען פערמעגען,
און האָבען אַ כאָר אויך דעריין...
אָ, דרויסען איז האַרבסטיג און רעגען—
מיין כאָר אין מיין גאָרטען—אַריין!



# די בלינדע ליעבע.

איך קוש דיך מיט אויגען פערמאַכטע
און פיהל ווי אַ טאָפּעלן גליק:
מיט אויגען פערמאַכטע דערזעה איך
די ליעבע, די ערשטע צוריק!

און עפען איך אויף מיינע אויגען,
דערזעה איך אויך דיינע פערמאַכט...
דאָסזעלבע מיט דיר איז געשעהען:
אויך דו האָסט פון ערשטען געטראַכט...



# אין גאַס.

דו גערסט אין גאַס—די מענשען־כוואַליע,
זי רוישט מיט לעבענס־שטורעם;
דו גערסט און טראַכטסט: אָך! אַלע גליקליך—
נאָר דו ביסט פול יסורים!

און פון דעם עולם זעהט דיך איינער,
די אויגען קנאה בליצען;
ער אויך׳עט טראַכט: אָך! אַלע גליקליך—
דאָס איז דעם לעבענס וויצען.



## ווען דיין הארץ.

ווען דיין האַרץ פערלאַנגט, זאָל קומען,
ווען דיין אויג קוקט אויס,
יענער קלאַפּט אין פרעמדע טירען,
דיינע ווייכט ער אויס.

ווער עס מאַכט דיר שווער און איבעל,
יענער קומט צו געהן,
לאַנג זיצט ער ביי דיר אין שטיבעל—
דו ביסט אַלץ אַליין...



# דער פויגעל און דער בוים.

געקומען דער פויגעל פון לענדער פון ווייטע,
(געוועזען צוזאַמען מיט חברה פערשייטע),

געקומען צום בוים, וואו זיין נעסט איז געשטאַנען.
געזוכט איהם—צעטראָגען; ער ווייס ניט פון וואַנען...

דער בוים דער אוראַלטער האָט נאָך אַ שטיל-שווייגען
געברומט און געשאָקעלט די גראָה-דיקע צווייגען;

און האָט זיך גענומען דאָ מוסר איהם זאָגען:
„דיין היים, זעה, איז חרוב, דער נעסט איז צעטראָגען...

און וואָס איז דער תּכלית פון יאָגען, פון ציהען;
אַ היים מאַך אויף תּמיד, געוואוג אַרומפליהען!..

און זעה, ווי איך שטעה אַזוי פעסט, אַזוי זיכער,
עס שרעקט מיך קיין שטורעם, עס שרעקט מיך קיין וויכער;

ווייל טיף אין דער ערד האָב איך וואָרצלען געלאָזען
און קיינמאָל מיין באָדען און היים ניט פערלאָזען"...

דער פויגעל ער שווייגט, אויפ'ן מויל ווי אַ זיגעל.
ער טראַכט: „דו האָסט וואָרצלען, איך אָבער—פליגעל!.."

*

* *

אָ, איהר פּערלען מיינע,
וואו זייט איהר פערבליבען?
אָ, איהר פּערלען מיינע,
ווער האָט אַייך געקליבען?

אין די ווייטסטע ערטער,
צווישען פעלד און קוואַלען—
דאָרטען זייט איהר אַלע
איינציגווייז צעפאַלען.

איצט וועל איך מיך לאָזען
אין די ווייטסטע לענדער,
קלייבען מיינע פּערלען,
ציהען זיי אויף בענדער...



# עס דאכט מיר...

עס דאַכט מיר, איך האָב וואָס פערלוירען אין וועג,
איך ווייס דאָך ניט וואָס...
זאָל איך צוריקגעהן? עס איז אַזוי ווייט—
עס איז אַ פערדראָס!

איך האָב וואָס פערלוירען און ווייס דאָך ניט וואָס...
צי האָט עס אַ ווערט?
לאָז איך עס איבער,—דער טאָג איז שוין קורץ,
און גרויס נאָך די ערד...

עס פאַלען שוין שאָטענס פון בוימער און בערג,—
מיין שאָטען איז לאַנג...
דאָס האַרץ איז ניט רוהיג, עס שרייט: קעהר זיך אום,
דער שאָדען טוט באַנג!

דאָ בלייב איך גאָר שטעהן מיר אין מיטען דעם וועג,
אין חושך געהילט...
איך האָב וואָס פערלוירען, איך ווייס דאָך ניט וואָס—
איך האָב וואָס פערשפּילט...



# פערשפעטיגט.

אָ, איך האָב דיך פערשפעטיגט, מיין קינד.
עס בלאָזט שוין דער ווינט,
און בלעטער פאַלען,
און ס׳לעשען זיך שטראַלען— —
פערשפעטיגט, מיין קינד...

אָ, הערסטו, דער שטורעם קומט אָן.
אַלץ איז פערשפילט אין קאָן.
אַ פינסטערע נאַכט,
טיר און טויער פערמאַכט.
אָ, וואָס הויבט מען אָן צו טון?



# איהר פרעגט...

איהר פרעגט, פאַרוואָס איך וויין?
אָ, ניט פאַר מיר אַליין;
מיין וועג איז ניט מיט בלומען,
דאָך וואָלט איך דורכגעקומען.

איך וויין, איך וויין פאַר אייך,—
איך זאָג עס אָפען, גלייך.
זיין זייט איהר מיר דערווידער,
דאָך זייט איהר מיינע ברידער!

עס האָט מיין האַרץ אַמאָל
געבענקט נאָך אייך אין טאָל;
איך האָב אַראָבגענידערט
צו אייך און זיך פערברידערט...

נון, איז ביי אייך צו ענג
אַ רעש, אַ געדרענג—
איך קאָן ניט מעהר אייך ליעבען,
דאָך מיטלייד איז פערבליבען...

## צוויי וועגען.

— וו'הין געהט איהר, יונגע קינדער,
אַזוי פּאַמעליך, שטיל?
אַך, געהט דאָך, געהט געשווינדער—
צו געהן האָט איהר נאָך פיעל.

עס ענטפערן די קינדער:
„דער וועג איז אונז בעקאַנט,
די זיידעס און די באָבעס
זיי האָבען דאָ געשפּאַנט...

מיר געהען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם.
ווייל דאָרט, איהר זעהט, פון ווייט,
דאָרט שטעהט שוין דער בית-עולם...
מיר האָבען צייט נאָך, צייט"...

— וואו געהט איהר, יונגע קינדער,
וואָס זינגט איהר אַזוי שטאַרק?
איהר זייט דאָך שוין פערמאַטערט
צווישען טאָל און באַרג.

עס ענטפערען די קינדער:
„דער וועג איז אַזוי ניי...
מיר יאָגען, יאָגען שנעלער
און זינגען צו דערביי...

דער וועג—א ן ומבעקאַנטער,
און ס׳איז אַזוי צו מוט...
בלויז טאָלען, בערג און פעלזען— —
ס׳מוז ערגיץ-וואו זיין גוט!..״

# אין קאַפע.

כ׳האָב ליעב אַוועקצוזעצען זיך אין ווינקעל פון קאַפע
און טראַכטען, טראַכטען לאַנג פון היים, פון ליעב׳, פון וועה...
ס׳איז אָנגענעם אַזוי און ליעב, און זיס, און גוט —
אין קאָפּ ווערט שטיל—די אַלטע זאָרג—זי רוהט...

איך בין אַ נייער מענש—אַ ביסעל מיד און קראַנק,
מיין ווילען שוואַך, דאָך שטאַרק, וואוילוינגעריש איז מיין געדאַנק.
ער פליהט די גאַנצע וועלט אַרום און קומט צוריק
און ברענגט־פון אַלע עקען וועלט צו ביסלעך גליק...

„איטאַליען״! אַך, ווי הימליך קלינגט דער קלאַנג!
נאָר מיין געדאַנק—ער האַלט זיך דאָרט ניט לאַנג:
יאַפּאַן איז שענער נאָך און פול מיט סוד און טרוים;
מצרים, וואו עס פליסט דער ניל, און ס׳בליהט דער פּאַלמענבוים...

און קאַליפאָרניען! אַך, דאָרט בליהט איצטער פרוכט!
(ער האָט אַ ראָזען־עפּעל אָבגעריסען, גלייך פערזוכט;
אַך, מיין געדאַנק, ער האָט אַזוי פיעל מוט און קראַפט:
ער בייסט די עפּעל, און עס פליסט און רינט דער זאַפט!)

און באַלד פערשווינדט ער ווייטער נאָך, קיין מאַראָקאָ,
אַך, דאָרטען זיינען פיעלע שענע טעכטער דאָ!
די אויגען שוואַרץ, די קערפּערס ברוין און שלאַנק...
(מיט איינער איז פערקנסט שוין דער געדאַנק!)

איך זיץ אין ווינקעל אין קאַפע ביים קליינעם טיש...
די גלאָז איז קאַלט, מיין שוואונג נאָך הייס און פריש...
אַך, מיין געדאנק—ער וואָלט נאָך ווייטער ערגיץ-וואו,
אַך, שאַדע... שפעט... מען מאַכט די קאַפע צו!



# צו מיין גליק.

דיקער טרויער דעקט מיין האַרץ...
פינסטער, פינסטער, טריב און שוואַרץ...
און אַ וואָלקען פאַר מיין בליק
ציהט פאָראויס, פאָראויס—
אָ, ווי שוואַרץ און גרויס!..
רעטע, רעטע זיך, מיין גליק!

גליק מיינס, גליק מיינס, נעם זיך רעכטס;
זעה, ווי ס'טראָגט און יאָגט דאָס שלעכטס
מיט אַן אימפעט און געלויף...
זעה דעם שטויב, דעם שטויב;
אָ, דו ווערסט צו רויב!—
רעטע זיך, מיין גליק, אַנטלויף!..



## דער בוים ביים פענסטער.

עס פייפט דער ווינט. דער בוים אין פענסטער
קלאַפּט אָן מיט זיינע צווייגען,
פונקט ווי מיט דראָהענדיגע פינגער—
ער וויל מיר אומגליק צייגען...

איך קוק אַרויס—די בלעטער זיינע
פערוועלקט, פערדאַרט און שיטער;
און אונטען ליגען זיי צעשפּרייטע
פון בייזען האַרבסט-געוויטער...

איך קוק אַריין אין שפּיגעל מיינעם,
פון שרעק אַדורכגעדרונגען;
אַ גרויע האָר, אַ קנייטש אין שטערן—
מיין האַרבסט האָט אָנגעקלונגען.

*

*　　*

אָ, ביי מיין פענסטער דער בוים!
ווי טרויעריג רוישען ־די בלעטער...
זיי זאָגען נביאות אויף שפּעטער
און טרוימען דעם אייביגען טרוים!

דעם אייביגען טרוים אָהן בעשייד
פון זיין און פון בליהען און פאַרבען,
פון וועלקען און דאַרען און שטאַרבען —
דעם טרוים פון דעם לעבען און טויט!...

# מיר דאַכט זיך...

מיר דאַכט זיך, די ערד איז צעשטויסענער גלאָז,
און איך געה —
די פיס זיינען נאַקעט, און שפיציג דער גלאָז —
עס טוט וועה!
פון ווייטען דאָרט ווינקט מיר אַ טייך און אַ פעלד;
אָ, איך אייל!
דאָס בלוט אָבצו־וואַשען און רוהען אין פעלד
כאָטש אַ וויייל!
נאָר ס'רוקט זיך דער טייך און דאָס פעלד אַלץ אַוועק;
אָ, פאַרוואָס?
איך ווייס ניט, ווער רייצט זיך מיט מיר, און איך פאַל
אויפ'ן גלאָז!..



# איך האָב אין לעבען...

איך האָב אין לעבען גליק געוואָלט,
געזוכט פון לעבען בלויז דאָס גאָלד...
געזוכט אין היילען און געגראָבען
געוואָלט דאָס גליק און גאָלד צו האָבען...

אָ, קיינער האָט ניט קיין בעגריף,
ווי ווייט געגראָבען און ווי טיף...
אָ, גרויס געווען איז מיין פערלאַנגען,
איך האָב דאָס גאָלד געוואָלט דערלאַנגען.

אומזיסט דאָס לעבען אָבגעבלייכט:
איך האָב דאָס גאָלד נאָך ניט דערגרייכט;
איך גראָב און גראָב און אַרבייט פלייסיג
צעהן יאָהר און צוואַנציג, און אָט איז דרייסיג...

און איינמאָל... שפעט אין נאַכט געווען,
האָב איך אין שפיגעל זיך דערזעהן,
און האָב זיך ווי פון טויט דערשראָקען:
אָ, זילבער... זילבער — מיינע לאָקען!..

# וואס?

שוואַרצע דיקע כמאַרעס
אויף מיין הימעל הענגען;
וואָס-זשע טראָגט איהר, כמאַרעס,
וואָס וועט איהר מיר ברענגען?

וועלען דונערס קנאַלען?
בליצען וועלען בלענדען?
און אין בראַנד און שטורעם
מיט מיין לעבען ענדען?

אָדער וועט איהר ליגען
אייביג מיר צוקאָפּענס,
און פּאַוואָליע טריפען
קליינע פוילע טראָפּענס?



*

*

דו פרעגסט, וואָס איך מאַך?
ביטער און שלעכט!
טריב, איינזאַם די נעכט,
און טריבע די טעג, ווען איך וואַך...

ס׳איז לויטער פערדראָסיג און לייד,
און בענקשאַפט און צער — —
און בין נאָך אַלץ נאַר
און גלויב נאָך און זוך נאָך די פרייד!

# אין מיין היים...

אין דער היים דאָרט, ביי מיין ייִדען
איז אַ לעמפּעלע געווען;
אין די אָוועגדס פלעגט עס ברענען
שוואַך און טונקעל, קוים צו זעהן...

בלויז דעם זיידען ביי דעם ספר
לייכט דאָס לעמפּעלע ניט פּיעל;
מיר, די קליינוואַרג, אין דער פינסטער,
אַיינגעטוליעט זיצען שטיל...

נאָר די שאָטענס, הויך און ריזיג,
טאַנצען, שפּרינגען אויף די ווענט;
גרעסער איז דעם זיידענס שאָטען—
כ׳האָב איהם נאָך דער באָרד דערקענט...

קליין דאָס לעמפּיל, קורץ דאָס קנייטעל,
דאַכט זיך, באַלד אָט לעשט זיך אויס...
דאָך די שאָטענס, ווי זיי זיינען
אַזוי אָנזיכטיג און גרויס...

אָ, פון וואַנען—טראַכט איך דעמאָלט—
ווערען שאָטענס ווי פון שפּרונג:
צי פון זיידענס צייבער-לעמפּיל,
צי פון זיידענס אַלטען בוך?...

לאַנג געשטאָרבען איז דער זיידע,
און דאָס לעמפּיל ברענט ניט מעהר;
ביידענס קנייטען אויסגעלאָשען—
און דער ספר אויך ניט דער!

אַלץ בעניַיט און אַלץ געענדערט,
און פערלאָשען און פערווישט—
דאָך די שאָטענס, יענע שאָטענס
שפּרינגען אַלץ נאָך, שטאַרבען נישט.



# אֲנִי מַאֲמִין.

מיט אַ טרויעריגען ניגון —
און די אויגען פלאַמען —
ברומט דער יוד ביים דאַוונען היימליך,
פליסטערט „אני מאַמין״:

„אַני מאַמין, ברומט ער טעגליך —
מאָרגען, היינט, צי שפּעטער,
וואַרטען וועל איך אויף משיח —
קומען, קומען וועט ער...

„זאָל עס זיין נאָך לאַנג צו וואַרטען,
זאָל ער זיך פערזאַמען —
איך וועל וואַרטען, ניט אויפהערען
זאָגען אַני מאַמין...

„זאָל דער גלות זיין ווי ביטער,
זאָל מען שווערער פּרעסען; —
איך וועל אני מאַמין זאָגען
קיינמאָל ניט פערגעסען...

„אויף דיין הילף, מיין פאָטער, האָף איך,
וועלטען קאָן איך טראָגען;
און געדולדיג וועל איך טעגליך
אַני מאַמין זאָגען״...



# אויף א פערד א ווייסען...

אויף אַ פערד אַ ווייסען
װעט משיח קומען,
האָב איך אין מיין קינדהייט
ציט׳ריג שטיל פערנומען,
און אין האַרצען האָבען
יונג געבליהט פאַנטאַזיען,
ווי די רייגסטע בלומען.

*

אָ, פערגעסען זיינען
פיעלע, לאַנגע יאָהרען —
ס׳לעבען האָט דערעסען,
משיח׳ן פערגעסען...
דאָך דאָס פערד, דאָס ווייסע,
פון דער שענער מעשה
לעבט נאָך אין זכרון.

אָ, דאָס גאַנצע לעבען
שלעפּט זיך שווער פון פּלאָגען;
היי, דו פערד, דו ווייסער,
קום און זאָלסט מיך טראָגען.

טראָג מיך, וואו ס'איז פרידען,
וואו אתרוגים בליהען,
וואַרט ניט אויף משיח —
לאָמיר ביידע ציהען!..



# פון ליטא.

(פראגמענט)

שטעהט אין שטוב אַ גרויסער אויווען,
ווי ער וואָלט זיך וועלען רייצען...
און די אָר׳מע בעל-הבית׳טע
האַלט איהם שטענדיג אין איין הייצען...

ס׳איז אַן אַלטער בייזער אויוועֶן,
קוקט אַזוי מיט צער און רוגז;
ס׳וויל אויך נאַפט אין איהם ניט ברענען,
תמיד שטעהט ער קאַלט און ברוגז.

צעהנדליג שוועבלעך אויסגעריבען,
אָנגעלעגט די בעסטע „קאָרע״—
ער פערלעשט אַלץ מיט זיין אָטעם,
ווי געשאַדט וואָלט איהם עין-הרע...

און עס העלפען איהם קיין סגולות:
ס׳שפּאַרט דער רויך אַלץ אומגעהייער...
און די אָר׳מע פרוי—זי שטיקט זיך,
און עס זעהט זיך קיין פונק פייער...

הויבט זי אָן דעם מוליער שילטען—
(יענער איז שוין לאַנג געשטאָרבען!..)
טראָגט זיך אָן דער מאַן פון דאַווענען,
פאַלט ער גלייך איהר פאַר אַ קרבן...

לויפט ער ווידער אין בית־מדרש,
דאָרט איז רוהיג, דאָרט איז וואַרים —
כאַפּען צו זיין טייל די קינדער,
און זי ווייס ניט פון דערבאַרעם...

און דאָס האָלץ וויל אַלץ ניט ברענען,
ביי דער אָר'מער קראַנקער מאַמען,
דאָך אין האַרץ איהר ברענט אַ גיהנם,
אַזש די דאַרע באַקען פלאַמען...



# ביים גרעניץ.

כ׳שטעה אין וויסטען פעלד ביים גרעניץ.
ס׳ציהט מיך ווייטער. נישט צו מאַכען:
צוויי סאָלדאַטען היטען, וואַכען —
אָ, ווי לאַנגווייליג ביים גרעניץ!

צוויי סאָלדאַטען וואַכען, היטען,
כ׳זאָל די גרעניץ ניט אַריבער...
איפ׳ן וויסטען פעלד ווערט טריבער;
צוויי סאָלדאַטען וואַכען, היטען.

צוויי סאָלדאַטען מיט די זעבעל...
פאַר מיר, הער איך, לידער קלינגען...
אָ, ווי וואָלט איך איבערשפּרינגען! —
ביי דער גרעניץ פאַלט אַ נעבעל...

צוויי סאָלדאַטען שטיל מאַרשירען...
פאַר מיר, זעה איך, צינדט זיך פייער
אין אַן אַנדער וועלט אַ פרייער...
צוויי סאָלדאַטען שטיל מאַרשירען...

## ביים וואַסער.

אויפ׳ן וואַסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאַלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג...

אויף אַ מאַסטבוים וועהט אַ פאָנע
פון אַ פרעמדען לאַנד,
דאָרטען וואוינען גוטע מענשען,
פאַר מיר—אומבעקאַנט...

דאָרטען איז דער הימעל לויטער,
און די ערד איז גרין;
און ווי פאַלמען אַלע מיידלעך,
צעדערן—די זיהן.

דאָרטען וואָלט איך יונג געוואָרען,
אָבגעפרישט מיין בליק;
דאָרט געפונען וואָלט איך אפשר
מיין פערלאָרען גליק...

אויפ׳ן וואַסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאַלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג...



# שבת אין ניו־יארק

דער פאָטער קומט פרייטאָג פאַרנאַכט
פון פינסטערן שאַפּ אַזוי מיד;
נאָר ס׳האָט זיין נשמה ערוואַכט
און זינגט שוין איהר שבת׳דיג ליד.

די מוטער, די אָרימע פרוי
— צעקנייטשט פאַר דער צייט דאָס געזיכט —
צעזיפצט זיך: ס׳איז שפּעט שוין אַזוי,
און נעמט זיך צו צינדען די ליכט...

די קינדער—דערצויגען שוין דאָ,
פערשפּילטע אין באָל און אין פּייט,
דערפיהלען די הערליכע שעה,
און ס׳קוקען די אויגעלעך ווייט...

עס שוועבט פאַר די אויגען די היים—
פערגעסען פערגעסט זי זיך ניט!
און ס׳דאַכט זיך: ס׳צעבליהט זיך דער בוים
אויף מעדיסאָנס שטיינערנער סטריט...



# היימישע טעכטער.

(אַ ניו-יאָרקער בילד)

איך געה אין די רוישענדע גאַסען—
שוין זעקס איז דער זייגער פאַרנאַכט—
אין רייהען אין שוואַרצע זיך ציהען
די יודישע טעכטער פערשמאַכט.

אָ, יודישע טעכטער פון שעפּער!
אין בליק אַייערס זעה איך געהיים,
דעם חן פון׳ם יודישען שטעדטעל,
דעם גלאַנץ פון דער ווייט-ווייטער היים...

איהר געהט איבער שטיינערנע סטריטען—
די ערד און דער הימעל פערשטעלט;
דאָך דופטען נאָך אַייערע קליידער
די דופטען פון שטעדטעלשען פעלד...

און קוק איך אַייך טיף אין די אויגען,
דערזעה איך נאָך מעהרער און נאָך:
די שכינה פון טויזענטער יאָהרען—
זי רייסט זיך צוריק פון׳ם יאָך.

דען אַלע זייט איהר דאָך בת-מלכות,
דער יחוס רוהט שטיל אַייך אין בליק...
ווי זייט איהר פערשקלאַפט איצט געוואָרען!
ווער ברענגט אַייך צום קיניג צוריק?..

# צו א שולמית.

(אן אמעריקאנער לידעל)

אָ, שולמית מיינע! שאַדע,
וואָס דו ביסט קיין הירטין נישט;
נישט אויף גרינע בלומען-בייטען
האָב איך דיך צוערשט געקושט!

אָ, שולמית מיינע! שאַדע,
וואָס קיין קיניג בין איך אויך
און אין שלעסער נישט געבראַכט דיך,
נאָר אין צימער—פינף-שטאָק הויך...

און געקלונגען האָבען לאַנג מיר—
ס'איז געווען אַ ווינטער-נאַכט—
ביז דער הויז-היטער פערשלאָפען
האָט די טיר אונז אויפגעמאַכט...

אָ, שולמית מיינע! שאַדע,
וואָס אויף מאָרגען אין דער פריה
האָסטו זיך געאַיילט—געלאָפען
צו דער אַרבייט, צו דער מיה...



## עס ציהט זיי...

(מיינע מעריקאַנער חברים געווידמעט).

עס ציהט זיי צום שורש, עס ציהט זיי צום שטאַם,
די אָרימע ברידער פון יענער זייט ים.

עס רוישט און עס ברויזט די געפונענע וועלט,
די נייע, די פרייע—אויף גיך אויפגעשטעלט.

עס ציהט זיי צו אונז און אונז ציהט צו זיי,
און קראַנק זיינען ברידער אין וועלט-טיילען צוויי.



# דאס בוך פון לעבען.

וואו נעמט מען דעם לעהרער,
וואָס זאָל אונז בעווייזען
אין בוך פונ׳ם לעבען
צו שרייבען אָהן גרייזען?

עס געהט ווי אַ שוידער
די זעל אונז אַריבער,
דאָס בוך פונ׳ם לעבען,
ווען מ׳קוקט עס בלויז איבער:—

פערשריבען אָהן אַייל׳ניש,
אָהן וואָג און אָהן מאָס,
פיעל ווערטער— פור ליגען,
און קרום יעדער אות...

איין בלאַט אַ פערפלעקטער
(אָ, דאַכט מיר אין בלוט!),
א צווייטער—חשבונות,
וואָס שטימען ניט גוט...

און קומט צו דער ענדע—
דאָס בוך איז פערמאַכט,
קענסט גאָרנישט פעררריכטען:
עס פאַלט צו די נאַכט!..

## אין מינוטען וויסטע...

אין מינוטען וויסטע,
ווען אַרום איז שוואַרץ,
מיט די קוואַלען ליעבע
פיל, גאָט, אָן מיין האַרץ!

אַלץ איז אַזוי עלענד,
ווייסט ניט וואָס צו טון;
גאָט, מיט ליעבע-קוואַלען
פיל מיין האַרץ מיר אָן!

און די אָרעמס מיינע
ברייט און שטאַרק מאַך זיי,
אַז די וועלט אומאַרמען
זאָל איך מיט איהר וועה!



# דער ערווארטעטער טאג.

יום שכלו טוב.

ווי ווענינ מיר האָבען יום-טובים,
די וואָכיגע טעג אַזוי פיעל.
מיר וואַרטען אויף יום-טוב און וואַרטען
און בלאָנדזשען און טומלען אָהן ציל.

צי ווייסט איהר דאָך, אָרימע מענשען,
איהר, קינדער פון זאָרג און פון פּלאָג,—
עס ליגט נאָך וואו ערגעץ בעהאַלטען
אַ יום-טוב׳דיג-אייביגער טאָג...

ער ליגט אין דעם שויס פון דעם הימעל
און גליהט אין דער זון פּורפּור-רויט;
ער קאָן זיך צו אונז נאָך ניט ווייזען—
עס איז נאָך די ערד פול מיט קויט...

זי וועט אָבער ריין אַמאָל ווערען—
(דער מענש—ער מוז העלפען דערצו!)—
און נידערן וועט ער פון הימעל
מיט ליכט און מיט שטראַלען און רוה...

# דער טויט פון נביא.

עס האָט זיך דער זקן פון שלאָף אויפגעוואַכט
אין מיטען דער שטילער, דער פינסטערער נאַכט,
געבעטען געהיים פערד און וואָגען צו שפּאַנען
און גיכער און שנעלער אַנטלויפען פון דאַנען.

— „וואוהין?" האָט דעם זקן זיין תּלמיד געפרעגט.—
„אַהין, וואו די שלעכטס און די רשעות זיך עקט!
אַהין, וואו מען קאָן נאָך דאָס רעשט ביסעל יאָהרען
פערברענגען אין תּפילה, אין טראַכטען אין קלאָרען"...

און ס'האָט זיך דער זקן אין וואָגען געזעצט,
געוואָרפען מיט טרויער די בליקען צום לעצט
אויף אַלץ, וואָס געוועזן איז אַזוי איהם דערווידער:
דער נאַרישער טומעל, דער דומער גערודער...

און שטילער, און שטילער איהר, בוימעלעך, שווייגט,
און שטעגעלעך, וועגעלעך שפּורען ניט צייגט,
עס זאָלען די שפּורען די ווינטען פערטראָגען,
און זאָל מען ניט זוכען, און זאָל מען ניט יאָגען!...

אָ זקן דו גרויסער, אָ גוטער פּראָפּעט,
עס איז דיין אַנטלויפען פון מענשען צו שפּעט!
מיר האָבען פערבלאָנדזשעט אין קרום-לאָמע וועגען
און זוכען כאָטש איינעם דעם וועג אויסצופרעגען.

דער וועג ווער קען וויסען? דער וועג האָט קיין סוף —
ער האָט איהם געפונען אין אייביגען שלאָף.
און מיר בלאָנדזשען ווייטער אָהן אָנהויב, אָהן ענדע —
עס קלינגט אַזוי טרויעריג די פרישע לעגענדע!..



# דוד׳ס פידעל.

געווידמעט אפרים ־צימבאליסט.

אויפ׳ן וואַנט פון קיניגס חדר
הענגט אַ פידעלע כסדר;
שפעט אין נאַכט, ווען אַלע שלאָפען,
קומט אַ ווינט, אַ ווינט פון צפון,
און ער ריהרט די סטרונעס אָן,
און עס יאָמערט טאָן נאָך טאָן...

און די קלאַנגען רופען, וועקען,
און ס׳ערוואַכען טיף אין שרעקען
אַלע כהנים און זקנים
און פערזאַמלען זיך אינאיינעם
און זיי וויינען: גאָט, אָ, גאָט,
ס׳פאָלק איז אָרים און צו שפּאָט!

*

* *

אָ, די אור-אַלטע לעגענדע
ציהט ביז היינט נאָך, האָט קיין ענדע,
און פון צפון בייזע ווינטען
ווילען אַלץ נאָך ניט פערשווינדען—
און די נאכט איז לאַנג אָהן סוף,
און דער עולם טיף אין שלאָף.

די, וואָס וואַכען אָבער, הערען
אין דער נאַכט אָהן שיין, אָהן שטערען,
ווי עס גיסען זיך און ציהען
זיסע, צאַרטע מעלאָדיען
פון דער פידעל אַלט, פערשטויבט—
און דאָס פאָלק ערוואַכט און גלויבט.

*

* *

איך בין ניט קיין אַלטינקער מלך,
דאָך וואָלט איך, ווי דוד המלך,
געוואָלט אויך אַ תּהילים׳ל שרייבען,
פֿאַר שפּעטערע דורות זאָל בלייבען...

און פֿיעלע בעטריבטע געמיטער
מיט הייליגע אַנגסטען און ציטער—
זיי זאָלען עס זינגען, די האַרציגע טענער,
און ווערען געלייטערט און שענער...



# אין טאל.

(פון יחזקאל)

ס'האָט גאָטס האַנט מיך אָנגעריהרט,
און דערפיהלט האָב איך זיך רייגער;
צו אַ טאָל מיך צוגעפיהרט,
און דער טאָל איז פול מיט ביינער.

אָנגעוואָרפען, אָנגעשאַרט
זיינען ביינער דאָרט געלעגען,
אויסגעטריקענט, אויסגעדאַרט,
אָהן אַ חיות, אָהן בעוועגען.

פרעגט מיך גאָט: דו מענשען-קינד,
קענען זיי אַמאָל אויפלעבען?
כ'האָב געענטפערט: איך בין בלינד! —
ווען דו ווילסט, קאָן אַלעס געבען.

האָט אַ ברום געטאָן גאָטס קול:
אויף די ביינער זאָג נבואָה:
אוי, איהר ביינער אין דעם טאָל,
קומען וועט נאָך די רפואָה...

ווערט פון טויט צוריק ערוואַכט,
און איהר זאָלט צוריק אויפלעבען,
נייע הויט זאָל זיין געמאַכט,
און אַ נייער גייסט — געגעבען!

כ׳האָב געטאָן באַלד גאָטס בעפעהל. —
איז אַ שטורעם אָנגעקומען,
ביין צו ביין איז אויפ׳ן שטעל
אויפ׳ן אָרט צונויפגעקומען.

פלייש און אָדערן און הויט
אויף די ביינער אָנגעצויגען,
נאָר עס איז נאָך אַלץ דער טויט
זיי געלעגען אין די אויגען...

און דערהערט האָב איך גאָטס קול:
געה צום ווינט און זאָלסט איהם זאָגען:
ער זאָל בלאָזען אין דעם טאָל,
צו די מתים חיות טראָגען...

און פון אַלע עקען וועלט
זיינען ווינטען אָנגעקומען,
ס׳האָט אַ חיל זיך געשטעלט
מיט אַ לאַרימען און ברומען.



# אויף די בערג...

אויף די בערג, אויף די בערג—
דאָרט הערט מען שוין טריט...
דער אָנזאָגער געהט
פון ליעבע און פריד.

בעפרייט איז דאָס פאָלק
פון יאָך און פון צואַנג,
און פייערט זיין פעסט
מיט פרייד און געזאַנג...



# די בלוטיגע שטאדט.

אָ, בלוטיגע שטאָדט,
פול זינד און פול רויב!
ביסט פול מיט געשריי,
מיט רויך און מיט שטויב!

מען יאָגט און מען פאָהרט—
עס רעש׳ט און שאַלט,
עס טראָגען זיך פערד,
די בייסט—ווי זי קנאַלט!

און פרויען פערפוצט—
זיי דרעהען זיך אום...
געפעלשט איז דער חן
מיט פאַרב און פערפום...

אַ צויבער אין זיי!
די ערד אונטען—ברענט...
דאָס פאָלק איז פערקויפט
דורך זייערע הענט...



# פון ירמיה.

I.

ניט בעװיין דעם טויטען,
מתים ניט בעדויער!
אויף דעם אָר'מען װאַנד'רער
מעהר און טיפער טרויער!

גרויס איז יענעמס װעהטאָג,
װער ס'פערלאָזט זיין לאַנד
און צוריק צו קעהרען
קיינמאָל ניט אין שטאַנד...

II.

װעה איז יענעם אויף דער װעלט,
װער זיין הויז אָהן משפט שטעלט,
און דעם חבר אויסגענוצט,
און די צימערן פערפוצט,

און די װענט געפּאַרבּט פערשידען
מיט דער אַרבּייט פון דעם מידען.
ניט קיין פאַרב איז דאָס, נאָר בלוט!
װעה איז יענעם, װער דאָס טוט...



# פון קהלת.

כ׳האָב געזעהן די גרויסע רשעות,
וואָס איין מענש טוט אָן דעם צווייטען
און די טרערען פון בערויבטע,
און דעם פרייען גייסט אין קייטען...

און די אַלע אונטערדריקטע
מוזען נאָך די טרערען שטיקען;
און ניטאָ פאַר זיי קיין טרייסטער,
ווער זאָל הילף אין נויט זיי שיקען...

און בעטראַכט האָב איך דאָס אַלעס,
ווי די וועלט איז שלעכט, פערדאָרבען...
לויב איך בעסער יענע, וועלכע
זיינען לאַנג שוין אויסגעשטאָרבען...

בעסער אָבער איז נאָך יענעם,
וואָס איז גאָר דאָ ניט געבאָרען,—
האָט פערשפּאָרט צו זעהן די אומרעכט
אין די קורצע לעבענס-יאָהרען...



## פון ירמיה.

### I.

כ'האָב גאָטס וואָרט אין מיר דערפיהלט
און געלאָזט מיך איבעררעדען.
און זינט דעמאָלט — מיט גאָטס-וואָרט —
שטעה איך אויס געשפעט און ליידען.

און איך רעד פון זינד און רויב
און פון דומע בייזע זאַכען;
קוקען זיי מיך שפאָטיש אָן,
און זיי חוזק'ן און לאַכען...

האָב איך מיר געזאָגט: גענוג! —
אויך מיין לעבען איז מיר טייער!
ברענט גאָטס וואָרט דאָך אין מיין האַרץ,
ווי אַ פלאַמענד העליש פייער.

האָב איך מיך געטראַכט: בין מיד,
און צו שווייגען שוין בעשלאָסען;
האָט דאָס וואָרט פון גאָט אין מיר,
ווי אַ פייער זיך צעגאָסען.



## II.

דו ביסט גאָט צו פיעל גערעכטער,
און ווי קאָן איך קעגען-רעדען?
כ׳וויל ביי דיר בלויז משפט פרעגען,
זאָלסט מיין פראַגע מיר בעשיידען:

אַך, פאַרוואָס דער וועג פון שלעכטע
אויסגעפלאַסטערט איז מיט גליקען,
און זיי געהען צו דער רשעות,
ווי אויף פעסט-געבויטע בריקען?..

און ווי בוימער סיף געוואָרצעלט
וואַקסען זיי און ברענגען פירות,
און אַזוי פערשפרייט זיך אומרעכט
ביז די שפעטע, ווייטסטע דורות?



## III.

קיינער האָט מיך ניט גערופען,
כ'בין צו אייך אַליין געקומען,
און געזוכט האָט מיך ניט קיינער,
כ'האָב אַליין זיך אויסגעפונען.

*

* *

רוף און הער ניט אויף צו רופען,
ווי אַ שופר זאָלסטו שאַלען;
זאָג דיין פאָלק — עס איז געשטרויכעלט,
זאָג דיין פאָלק — עס איז געפאַלען!

## IV.

אויסגעגאַנגען איז דער גוטער,
שטיל פערלאָזט די שלעכטע וועלט;
וועמען האָט זיין טויט בענומען,
ווער בעמערקט — דער גוטער פעהלט!

גוטע, פרומע לייט פערגעהען,
קיינער גיט דערויף קיין קרעכץ,
ווייל די וועלט איז פול געמיינהייט,
פול פערדאָרבענקייט און שלעכטס...



# הוי החוקקים.

אָ, איהר שרייבער און איהר קריצער,
פון געזעצען וועגען זינד;
גיין, איך קאָן אַייך ניט פערטראָגען,
אַייער שרייבען—וויסט און ווינד!

דען דער עלענדער, געדריקטער,
ווען צום ריכטער־הויז ער קומט,
שפּעטען אויס איהם אַלע ריכטער,
און גערעכטיגקייט פערשטומט.

און אַלמנות און יתומים
און דאָס אָר׳מע פאָלק דורכאויס
האָט זיך ניט צו ווענדען ווענדען,
ביז דער צאָרן־טאָג ברעכט אויס...

אָ, ער טראָגט זיך פון דער ווייטען,
אַיינגעהילט אין פלאַם און בלוט;
אָ, איהר ריכטער, וואו אַנטלויפט איהר
אין דעם טאָג פון דין און גלות?!



## דער שומר.

— שומר, שומר, אויף דער וואַכט—
זאָג, וואָס הערט זיך מיט דער נאַכט?

זאָגט דער שומר און ער ברומט:
„ס׳דאַכט, דער טאָג – ער קומט, ער קומט...

ברומט דער שומר אויף דער וואַכט:—
„דאַכט זיך טאָג און דאַכט זיך נאַכט;

פרעגט ניט בעסער, וואָס און ווען
ווייס אַליין ניט—כ׳קען ניט זעהן"...



# גאט און טייוועל.

אָפּטמאָל דאַכט מיר, אַז מיר זיינען
כפוי-טובה צו דער שטאָדט;
יאָ, די שטאָדט רעגירט דער טייוועל,—
אָבער ערגער דען ווי גאָט?

*

*      *

ריזיג-הויכע הייזער שטעהען—
טייוועלס גייסט האָט זיי געבויט...
דאָרטען וואוינען פיעלע קינדער
פון דעם עלענד, פון דער נויט...

הויכע ריזיגע פאַבריקען,—
און עס יאָגט פון זיי אַ רויך,
שוואַרצער רויך—דעם טייוועלס זעל
און דעם טייוועלס שוואַרצער כח...

דאָך עס אַרבייטען דאָרט קינדער
פון דעם עלענד, פון דער נויט,—
אמת, אַלץ געהט פאַר'ן טייוועל,
זיי אַליין דאָך קריגען ברויט...

און דער טייוועל האָט אויך ליעבלינגס,
פונקט ווי גאָט—ער איז ניט שלעכט;
מאַנכע קינדער לעבען לוסטיג
דורך די טעג און דורך די נעכט...

שלאַנקע פרויען, זיסע מיידלעך
קומען זיך צונויף אַמאָל,
און זיי בויגען זיך און וויגען,
און גן-עדן ווערט אין טאָל...

טייוועלס ליעבלינגען – זיי קומען
צו די מיידלעך אין געצעלט,
און זיי טאַנצען און זיי הוליען—
אַ גן-עדן אויף דער וועלט...

יאָ, אין שטאָדט רעגירט דער טייוועל,
דאָך ניט שלעכט, ווי מאַנכער מיינט,
און דער גאָט, דער עקס-רעגירער,
זיצט אין הימעל און ער וויינט...



# דעם דיכטערס ירושה.

דאָס גייסטיגע גוטס, וואָס עס וועט נאָך איהם בלייבען,
דאָס בלייבט פאַר דער פּרעסע ירושה;
זי וועט אַלע ברעקלעך און שטיקלעך אויפקלייבען
מיט יראת הכּבוד און קדושה.

פאַר יעדער שורה, פערקלעקטע, פערמעקטע,
וועט לאָזען זי זוכען עקספּערטען,
און וועט ביי זיי בעטען מיט הענט אויסגעשטרעקטע:
ענטדעקט אונז די טייערע ווערטען!

און דאָרט, וואו ער האָט נאָר אַ שפּאַס בלויז געטריבען,
ענטדעקט מען דעם העכסטען טראַגיזם,
און דאָרט, וואו ער האָט אויסגעפּרובט בלויז די פעדער,
דערקלערט זי מיט טיף סימבאָליזם!

און וועט אנאָנסירען מיט אותיות די גרעסטע:
„מיט שוועריגקייט איז אונז געלונגען
צו קריגען פון דיכטער די ווערק זיינע בעסטע,
וואָס ער האָט ביים ענדע געזונגען!“

און אָבדרוקען וועט זי זיין בילד אין איהר קרעמעל,
— זי וויים, ווי צו האַנדלען מיט שכל;
און נעמט עס אַריין אין דעם טויט־שוואַרצען רעמעל
זיין בילד מיט׳ן ביטערן שמייכעל...



# דער אמת.

עס זיינען דאָ אמת׳ן פיעל —
איך האָב מיך געלאָזט אָפט פערפיהרען;
איך האָב זיי שוין אַלע דערקענט,
פערשטעה זיי לויט קלאַנג און קאָלירען.

עס קלינגען די אמת׳ן הויך,
און דופּסען מיט ריחות און פאַרבען,
דאָך ווי נאָר דו קוקסט זיי אָן נאָהנט—
זיי ווערען פערשטומט באַלד און שטאַרבען...

איך האָב זיי געהאַלטען שוין פיעל,
פאַר פיעלע געקעמפט, פיעל פערטיידיגט;
זיי האָבען מיך אַלע פערלאָזט,
און כ׳פיהל מיך בעטראָגען, בעליידיגט...

דאָך גיב איך מיין ליעבע ניט אויף
צום אמת, צום איינציגען קלאָרען;
ער מוז זיך בּווייזען אַמאָל—
בעלויכטען מיין רעשט ביסעל יאָהרען...



# צו די הימלען.

ניד'ריגער—ניד'ריגער, הימלען, צו אונז!
אַראָב, צו אונז נידערט!
אַלץ האָט פערלוירען זיין שטאָלץ פון אַמאָל,
אַלץ איז-פערבּרידערט.

רייך זענט איהר, הימלען מיט שטערען אַ סך,
מיט זון און לבנה.
די ערד איז אַ וויסטע און קוקט צומאָל אויס—
אַן אָר'מע אַלמנה.

און קינדערלעך קליינע און גרויסע אָהן צאָהל,
פיעל קראַנקע און הוסטען,
זיי רייסען דעם פאַרטוך פון מוטער דער ערד
און ציהען די ברוסטען...

ניד'ריגער, ניד'ריגער, הימלען צו אונז!—
מיר בעטען מיט טרערען,
מיר ווילען פאַר עלענד, ווי עפּעל פון בוים,
רייסען די שטערען!



# די ארימע.

מיך אַרט ניט: כ׳האָב גוטס אַייך געטאָן,
און איהר האָט עס גאָרניט פערדינט;
מיך אַרט, וואָס איך האָב מיך דערוואוסט,
אַז איך בין געווען אַזוי בלינד...

איצט האָב איך שוין אַלעס דערזעהן,
דאָך שרעקט זיך ניט, אָרימע, ניין!
צעשטעלט זיך אין רייה ביי מיין טיר,
איך בין נאָך אַלץ גוט ווי געווען.

געמיינט, איהר זענט אָרים אין גוף,
איצט האָב איך דערזעהן אַייער זעל.
ווי אָרים און נאַקעט זי איז—
בעקומט זשע אַ גרעסערן טייל...



*

*　　*

שוין ווידער אַ פריהלינג מיט בלומען,
און שלייכט אַזוי ווייך, אַזוי צאַרט,
פונקט וואָלט ער דאָס ערשטע מאָל קומען,
פונקט האָט ער נאָך קיינמאָל גענאַרט..

נו, שלום־עליכם, דו שליח
פון זון און פון שטראַלען און ליכט!
אָ, זיי זיך, מיין ליעבער, מטריח,
אַנטפלעק מיר דיין וואָהרען געזיכט..



# אין זומער.

אין זומער וויינט דאָס האַרץ,
און טרויער-פול איך פרעג:
אַך, ווער וועט ווייזען מיר
צום גרינעם פעלד דעם וועג?..

עס האָט די שטאָדט פערשטעלט
דאָס פעלד און וואַלד אַרום...
אַך, ווער וועט ווייזען מיר,
וואו בליהט ערגיץ אַ בלום?



# דער פױגעל אין שטײגעל.

אַ פױגעל זיצט אין שטײגעל,
דער שטײגעל הענגט ניט הױך...
ער האָט דאָרט מילך און גרױפּען,
אַ שטיקעל צוקער אױך...

און װיל ער זינגען, קאָן ער
דאָרט אױך פֿון מאָל צו מאָל.
(אַ שאָד איז נאָר, אין שטײגעל
קלינגט דומפּ אַזױ דאָס קול..)

קומט מאַנכער װינטער-אָװענד,
פערדרימעלט ער זיך באַלד,
איהם חלומט אַלטע פרײהײט
אין קאַלטען לערען װאַלד...

די בױמער װײס פערשאָטען,
דער פראָסט מיט נאָדלען שטעכט,
די פױגעלעך—זײ פרירען,
און יעדער פעדער ברעכט...

ער כאַפּט זיך אױף דערשראָקען
און קוקט אין שטײג זיך אום...
אַ חלום—גאָט צו דאַנקען,
און פּיקט אַ גרײפּעל פרום...



# פאר׳ן בילד

קיין מזוזה אין מיין צימער,
כ׳בין, מיין קינד, ניט רעליגיעז;
כ׳האָב אין גאָט שוין לאַנג פערגעסען,
און דער טייוועל איז ניט בייז.

ניט קיין גאָט און ניט קיין טייוועל— —
אין אַ צימערל אַזאַ
וואָלט דאָך טרויעריג געוועזען
נאָכ׳ן טעגליכען הו-האַ...

ביסטו דאָך, מיין קינד, גוטהאַרציג:
האָסט דיין בילד מיר לאַנג געשענקט,
אין מיין אַפּיקורסיש צימער
הענגט דאָס פריינדליך און פערבענקט.

כ׳קום אַ היים און נעם אַ ביכעל, —
אַך, ס׳איז אַלץ אַזוי בעקאַנט!
אַלע חכמות דום און נישטיג,
און איך ווענד מיך צו דער וואַנט;

ביי דיין בילד, עס הענגט אין מזרח,
שטעה איך מיט אַ שווער געמיט,
פליסטער שטיל און לאַנג אַ תפילה,
ווי דער בעסטער, פרומסטער יוד...



# צו א כלה.

(אין אלבום)

וואָס חלומ'סטו, אָ, ליעבע כלה,
בשעת דו שלאָפסט ביי נאַכט אין בעט?
צי חלומט דיר: דיין שענער חתן
שטעהט נעבען דיר און קושט און גלעט

די רויזע בעקלעך און די ליפען
און פליסטערט זיס: ווי האָב איך האָלד
מיין ליעבע, שענע, גאָלד'נע כלה,—
און טוט דיר אָן אַ קייט פון גאָלד?...

אַ קייט... אַקייט... אָ גאָט, בעשירם
דעם חלום פון אַ שלעכט בעשייד:
דאָס גאָלד זאָל קיינמאָל ניט פערשווינדען,
און בלייבען זאָל ניט בלויז די קייט...



# פייגעל.

כמאַרעס געהען,
ווינטען וועהען,
די ערד איז מאַט און מיד;
אונטערן הימעל
מיט געטימעל
אַ מחנה פייגעל ציהט.

פליגעל פאָכען...
יאָך צעבראָכען,
און אַלע פראַנק און פריי...
און זיי וועלען
זיך אָבשטעלען,
אַוואו ס׳איז ערגיץ מאַי.

כ׳הויב די בליקען
צו די גליקען—
דאָרטען אין דער הויך...
קינדיש כליפען
האַרץ און ליפען:
אָ, פייגעל, נעמט מיך אויך!..



# אין וועג.

(נאָכגעמאַכט)

בליק, גאָט, אַראָב פון הימעל -
און זעה דיין אָרים קינד,
וואָס האָט אין וועג פערבלאָנדזשעט
אין רעגען, נאַכט און ווינט.

צינד אָן דאָרט אין דיין הימעל
אַ שטערענדעל כאָטש וואו,
כ'זאָל קענען געהן און זוכען
אַן אָרט פאַר שוץ און רוה...



*

* *

דאָס שענסטע ליד־געזאַנג,
די שענסטע מעלאָדיען,
ניט זינג ביים בליהען,
נאָר זינג ביים אונטערגאַנג.

דאָס בליהען, פריינד, איז שען,
עס זינגט און קלינגט אַליין!
דער אונטערגאַנג איז וועה און מיד,
פערזינג, פערקלינג עס מיט אַ ליד!



# אינהאלט.

## אָוועגד.



## אויפן ים.

## ליעבע און טרוימעריי.



## איינזאַמקייטען.

זייט



## פון אייגענעם קוואל.

זייט



## ביבלישע מאָטיוון.



## גאָט און טייוועל.

